# לאבירינט

# ליעדער

פון

ז. ליעלעס

ארויסגעגעבען פון מ.נ. מייזעל פערלאג, ניו-יארק

## אין מיטען יאנואר

עס האָט א וועה געטאָן מיט מאי אין מיטען יאנואר,
אין מיטען יאנואר מיט מאי.
ווי אָפט האָב איך געבעטען אינ'ם אָבגרונד פון מיין צער:
זאָל גרינג מיר זיין און פריי,
פריי און גרינג,
ווי דעם שמעטערלינג
אין מאי!

נאָר ווער, נאָר וואָס קען טרייסטען א מענשענס שווער געמיט,
אראָבגלעטען דאָס גרויע בליי,
וואָס האלט דאָס הארץ אין אומעט, אין אומעט פעסט געשמידט
אין יאנואר פונקט ווי אין מאי?
וועמען ארט
דאָרט א הארץ פערשפארט
אין בליי?

און פלוצלונג האָט א וועה געטאָן מיט מאי אין יאנואר,
אין מיטען יאנואר מיט מאי.
און שווערט־שאַרף קלאָהר האָב איך דערפיהלט ווי ס'איז אלץ איינס:
און ס'בעטען זיך צו ווערען פריי, מיין צער,
(פריי און גרינג
ווי דעם שמעטערלינג
אין מאי).

## 卐 卐 卐 卐 ווינטער־נאַכט סאָנעט 卐 卐 卐 卐

עס קרייזט די זון מיט איהרע פלאַמען,
און אַלפאַ קרייזט אין הימעלס צעלט.
די וועלט און איך, איך און די וועלט:
מיר רייזען צופעליג צוזאַמען.

איהר קימערט ניט, וואָס מיר געפעלט,
און ס'קימערט מיך ניט, צי עס שטאַמען
די בני כנען פון שווארצען חם'ען,
און צי אַנטאָניוס איז א העלד.

און טענות האָב איך ניט צו קיינעם,
און קיינער קומט מיר ניט קיין זאך,
איך שלאָף מיין שלאָף און לאך מיין לאך.

און אין א טאָג (פיליכט א שעהנעם)
וועל איך מיר זאָגען: צייט. פערמאך
די אויגען. א־ליע־ליו. גוט־נאַכט...

# 卐 卐 卐 卐 卐 רוה 卐 卐 卐 卐 卐

בלייך־בלויעס ליכט און בלייכער וויאָלעט,
און אָראַנזש־ליכט מיט צאַרטען ראָז.
א סאָפע ווייך מיט זילבער־זייד געבעט,
און וויין אין א קרישטאָל־געשליפען גלאָז.

אן אַלטער באַנד, וואו ס׳ווערט נאַאיוו־קוריאָז
פון מיטעלאַלטער־ליעבע ליעב גערעדט:
„א קעניגין אין ווייטען צויבער־שלאָס,
א ריטער־קאמף, א ריטערס שווערט־געוועט.״

אָ, הערבסט! ניט פריהלינג און ניט זומער,
ד ו היל מיך, מיעדען מענשען, איין.
מיט דיינע בלומען טויט אַרום מיר,

ווי גוט מיר אין דיין שטילען שיין.
און גיב מיר רוה. גיב, הערבסט מיין, רוה מיר,
דען ס׳בעט מיין הארץ: זאָל רוהיג זיין.

# שוועמלעך



די זון האָט מיט פייער געשאָסען,
גע׳ברוגז׳ט זיך היציג, ווי איך.
דערנאָך האָט מיט עמערס געגאָסען
א רעגען אונניציג, ווי איך.

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

און ס'האָבען די פעלדער בעדעקט זיך,
מיט שוועמלעך, מיט קווארע, ווי איך.
זיי האָבען צו יעדען געשטרעקט זיך,
די איבריגע, סארע, ווי איך.

נאָר ס'האָבען זיי אַלע געווארפען
בלויז בליקען פער'מיאוס'טע (ווי איך),
ווער האָט עס געקענט זיי בעדארפען,
די שוועמלעך, די וויסטע, ווי איך?

בלויז איך האָב מיט ליבענדע בליקען
בעגריסט זיי, די שוועמלעך, בלויז איך,
און גיריג גענומען זיך פליקען,
די שוואכינקע שטעמלעך (ווי איך).

מיט ליידענשאפט האָב איך געצערטעלט
די ברואימ'לעך, אָרים, ווי איך,
און האָב דאן פאמעליך צופערטעלט
די בליטען פון קברים, ווי איך.

מיט תאוה געהאלזט זיי, געדריקט זיי,
פון תאוה געהוילען האָב איך,
און הייסער, אַלץ הייסער געפליקט זיי
די קינדער פון פוילען, ווי איך...

# נאָקטורן

(אדיעקטיוון־עטיוד)

אין די נעכט די סומנע, לאנגע,
שטערען־מיעדע, ליכטער־זאטע,
קלאנג־דערווייטערטע און מאטע,
מעלאנכאָלישע און באנגע,

ווערען זיכערער די טויטע,
אינטריגירענדער און דרייסטער,
שווער־אונהיימליך, פול מיט גייסטער,
ווערט מיין שטוב, די אַלט־געבויטע.

ראכע־דורשטיג און פערביסען
שלייכען זיי זיך שטילע, זאכטע,
טרייסלען בייז מיין טיר פערמאכטע,
און מיין אומרוהיג געוויסען.

## 卐 卐 卐 卐 卐 און זאָג איך 卐 卐 卐 卐 卐

卐

און זאָג איך, בלייבט א וואָרט אלץ ניט דערזאָגט.
און טו איך, בלייבט אַן ארבייט ניט דערטאָן.
איך זינג קיינמאָל ניט מיט א פולען טאָן,
איין גיפטיג וועה בלייבט שטענדיג ניט דערקלאָגט.

און ווען איהר זעהט מיך, ווײנט ניט: „וועה! און אָה!
און ווען איך טו וואָס, שרייט ניט אויס: „פערפלוכט!"
דען ווייסט: א פרעמדער, פרעמדער בין איך דאָ,
וואָס ווייס ניט וואָס ער טוט און וואָס ער זוכט.

# אָהנונג

עפּעס האָט מיך אנגסטיג אָהנען
אָנגעפאנגען מיט אמאָל,
אימיץ הערט ניט אויף צו מאָהנען
מיט א דומפּען טריבען קול.

הערט ניט אויף מיך צו בעגלייטען,
שעפּטשעט שרעקליכם אין מיין הארץ,
הייסט מיך ערגיץ וואו זיך גרייטען,
אין א וועג, וואס ווייט און שווארץ.

# 卐 卐 卐 卐 卐 פריהלינג 卐 卐 卐 卐 卐

卐
卐卐卐

פון א וועלט, א טריבער, גרויער,
קום איך פריהלינג צו דיין טויער —
אין א ווילד־פרעמד הויז.

כ׳קום ניט קיינעמס פרייד צו שטערען,
וועל נאָר קוקען, וועל נאָר הערען,
הערען, קוקען בלויז.

## 卐 卐 卐 卐 卐 רעגן 卐 卐 卐 卐 卐

פליסטער־פליסטער.
בלייַ — דער הימעל.
ווי אין דרימעל
גיסט ער, גיסט ער,
(סומנעקייט!)

לאָזט דעם שטילען
רעגען־נגון
מיך פערוויגען
און איינהילען,
(מידיגקייט!)

שליסט דאָס פרעפּלען
מיר די אויגען,
און עס זויגען
איין מיך נעפּלען,
(פער־
געסענהייט!)

וועלטען יאָהרען
ווייט אנטלאָפען,
אַלץ אנטשלאָפען
אין זכרון,
(זעליגקייט!)

## ווי גוט

ווי גוט איז זיך צו זאגען,
און זאגען הויך (ניט שטיל):
„איך מעג אלץ, וואס איך וויל גאָר״,
ווי גוט צו זאגען „כ'וויל!״

ווי גוט צו זיין דער הערשער
פון שרעק און פון געפאהר,
פון טאָג־ליכט און פון שאָטענס,
פון זיך אליין דער האר.

ווי גוט איז צווישען מענשען
צו זאָגען יאָ און ניין,
ווען ס'ווילט זיך אזוי זאָגען.
ווי גוט צו זיין אליין.

ווי גוט איז ניט צו הערען,
צו הערען שטענדיג נאָר
דאָס זשומען און דאָס ברומען
פון דומפען קייטען כאָר.

פון קייטען וועלכע מאָהנען,
און לאכען אימער צו:
דו שוואכער, שוואכער, שוואכער,
דו שוואכער, שוואכער, דו!

# כ'געפעל איך ניט

כ'געפעל איך ניט. כ'בין מיט אייך, דרייסטע,
שטענדיג נאריש און פערשעמט.
היימיש ווילט איהר מיט מיר ווערען
איך בלייב פרעמד.

זיכער זייט איהר. ווייסט פון אלעס,
רעדט פון אלצדינג אין דער וועלט.
איך קוק ווילד און רעד מטושטש —
גאָר קיין העלד.

איהר זאָגט וויצען, מיידלעך לאכען,
איך בלויז שאָקעל מיט'ן קאָפּ.
כ'געה אוועק און טריאומפיר, וואָס
כ'נאר אייך אָב...

## מיין אינזעל

אן אינזעל פעלזענפעסט און שטארק
האָב איך מיר אָבגעזוכט,
אין מיטען גרויסען ים א בארג
האָב איך מיר אָבגעזוכט

און אויף דעם בארג האָב איך געבויט
פאר מיר א שטילען שלאָס.
פאר מיינע טרוימען און מיין פרייד
אן אייגען־אייגנעם שלאָס.

צו וואס א מענש נאָר שטרעבט איז דאָרט
אין יענעם שלאָס פאראַן.
איך וויל וואָס — זאָג איך בלויז א וואָרט,
און שוין איז עס פאראַן.

און ס'איז דער שלאָס מיט גאָר זיין פראכט
פאר מיר, פאר מיר אליין,
איך בין דאָרט איינער טאָג ווי נאכט,
איך בין מיט מיר אליין.

# 卐 卐 卐 卐 卐 דאָס קעניג־קלייד 卐 卐 卐 卐 卐

.1

דאָס קעניג־קלייד, דאָס קעניג־קלייד,
דאָס קעניג־קלייד פאַר מיר.
דאָס פעהלט מיר בלויז. עס נעהמט אראָב
די קללה פון מיין טיר.

עס מאַכט מיר פריי מיין יעדעס גליעד,
און זיכער ווערט מיין גאַנג,
און ס׳פאַלט אראָב די אייזען־קייט,
וואָס האַלט מיך אין איהר צוואַנג.

.2

איך נעהם אראָב דאָס קעניג־קלייד
פון פורפור־זייד געניית.

און לייג עס אויס פאר דיינע פיס,
פאר דיינע טריט פערשפרייט,

און שטייג מיט דיר אויף מארמאָר־טרעפּ,
בעוויז מיין טראָן־זאַל דיר,
און צו אַ פאָרהאַנג, גאָלד־געשטיקט,
דיך ביי דער האַנד איך פיהר.

דאָרט בלוי דאָס ליכט און זייד ס׳געוואַנד,
די לופט פארפיומען־שווער.
דאָרט רוהט דער קעניג. דאָרט ער ליעבט,
בלויז דאָרטען איז ער — ער.

.3

דאָס קעניג־קלייד, דאָס קעניג־קלייד,
דאָס קעניג־קלייד פאר מיר.
און האָב איך עס ניט — טו איך ניט
צו קריגען עס קיין ריהר.

צו צאַרט פאר גאָדלען קעניג־הענד
און מיה — צו שווער און גרויס.
געפינען דאַרף ער ס׳קעניג־קלייד
שוין אָנגעגרייט פאָראויס....

# דרייסיג יאָהר

נאָך האַלט מיך דער אינגעל־אומעט,
און איך בין שוין דרייסיג יאָהר.
אין דעם קאָפּ אַלץ זשומעט, זשומעט:
שוין פערלעבט דריי צעהנדליג יאָהר.

ס'איז ניט מעהר פאַראויס דאָס לעבען,
ווען מען ווערט שוין דרייסיג יאָהר.
מעהר קיין האָפנונג, מעהר קיין שטרעבען,

ווען עס ש ר ע ק ט דיך שוין א יאָהר.
„הימעל־שוועבען, טרוימען־וועבען" —
האָט קיין זין צו דרייסיג יאָהר.

נו, טאָ זאָל מיט זיי פערבליהען,
מיט די אַלטע דרייסיג יאָהר,
אויך דער טרוים, וואָס קען ניט גליהען
מעהר, ווי אין די יוגענד־יאָהר.
זאָל דער א ו מ ע ט אויך פערבליהען,
האָט קיין זין צו דרייסיג יאָהר.
ניט קיין גלוט — א פויל, טעמפּ ציהען
איז ער בלויז צו דרייסיג יאָהר.

זאָל ער געהן, וואס וויל ניט וויכען,
זאָל פּאמעליך רוהיג שלייכען,
זיך א יאָהר איצט נאָך א יאָהר.
זאָל אָהן שטערעניש זיך פליסען
אז איך זאָל ניט פיהלען, וויסען,
ווי ס'פערגעהט א יאָהר נאָך יאָהר.
קענסט שוין, אומעט, ניט זיין פיבריג,
יעדע אויפרעגונג איז איבריג,
ווען מען ווערט שוין דרייסיג יאָהר.
ליעבסטענס שליס איך מיר די אויגען,
פענסטער, לאָדען, פעסט פערצוייגען,
זיץ און צעהל בלויז: דרייסיג יאָהר.

# פראגמענט

שטעה איך ביי דעם ים'ס בעגולטען זוים,
קוק איך אויף זיין לייכטען, פלינקען שוים,
וועלכער גיט א לאָז זיך דאָרט און דאָ
און א ווײלע שפעטער איז ניטאָ,
טראכט איך מיר: אָט פונקט אזוי ענטשטעהט
אויך מיין לעבען און אָהן שפור פערגעהט.

ליג איך אויף דעם הויכען, גרויסען בארג,
קייקעל פון זיין לאנגען, קרומען קארק
זעמדלעך, איינעם נאָך דעם צווייטען — און
כ'זעה קיין סוף, קיין ענדע ניט דערפון,
טראכט איך: ווי א זעמדעל פון דער ערד
בין איך נישטיג, קליין, און אָהן שום ווערטה.

# אונמאכט

אמאָל אראָבגענידערט האָט
אויף מיר ביינאַכט דער גייסט פון גאָט.

און ס'האָט מיין אויג פערבלענדט דערזעהן,
וואָס קיינער האָט נאָך ניט געזעהן.

נאָר איידער ס'האָט די מענשען־צונג
געפונען נאָך דעם קלאַנגען־שוואונג
פאַר דעם, וואָס האָט זיך מיר ענטפּלעקט,
איז שוין דער גייסט פון מיר אוועק.

און פון דאַן אָן איז איבערפילט
מיין הארץ מיט שטריכען פון א בילד.

און אלץ וואס כ'זינג האָט פון דאַן אָן
קיינמאָל ביי מיר קיין פולען טאָן.

ס'איז בלויז א טריבער ווידערקלאַנג
פון דעם, וואָס כ'האָב געזעהן שוין לאַנג.
א טרעהר, וואס אויף מיין אונמאַכט רינט,
וואָס זוכט א וואָרט און ניט געפינט.

## 卐 卐 卐 卐 卐 פאַר א רגע 卐 卐 卐 卐 卐

פאַר אַ רגע פולער, אויסגעשעפּטער,
גיב איך די וועלט און אויך יענע אָב.
פליהען ביז דער הויך, נאָך ניט דערשוועבטער,
אדער ביז דעם אָבגרונד קאָפּ אראב.

בין אויף וועגען אַלערליי געגאַנגען,
זיך, ווי זאַמד, צופיצעלט אין דעם זאַמד,
נאָר דעם איין וועג ניט געקענט דערלאַנגען,
ערגיץ ניט געוועזען אונגעצאַמט.

האָב אין נעצען זיך אַליין געפאַנגען,
נעצען, וואָס איך האָב געוועבט אַליין.

— — — — — — — — — — — — —

זעהט, די זון, זי איז שוין באלד פערגאנגען,
האַלט קיין זאַך ניט אָב שוין איהר פערגעהן?

פאר א רגע פולער, אויסגעשעפּטער...

# 卐 卐 卐 卐 卐 איינציגע 卐 卐 卐 卐 卐

איינציגע, וואָס ביזטו ניט געקומען ?
דו, וואס דיר מיין לעצטער טרוים געהערט,
און צו וועם איך האָב אין שווייגען שטומען
אַלץ געבעטען : זאָל מיר זיין בעשערט.

נאָר איך האָב דיך ערגעץ ניט געטראָפען,
אימיץ בייזער האָט עס אונז פערוועהרט.
פרוי נאָך פרוי האָט מעהר פערלענדט מיין האָפען,
וואס האָט זיין געזאָלט, איז ניט בעשערט.

דו בלויז וואָלסט געקענט מיך רעטען,
בלויז מיט דיר בין פריי און שטאַרק און גרויס.
— — — — — — — — — — — — — —
רייסט אראָב פון פענסטער די ראָלעטען,
זעהט : עס לעשט דער לעצטער שטראַהל זיך אויס !

איינציגע ! וואס ביזטו ניט געקומען ?

# איך

איך בין נישטיג, האָפנונגסלאָז און זינדיג,
און מיין יעדער ריהר — א שפּור פון פּעסט.
וואס איך טו איז ליגנעריש און ווינדיג,
מיין געדאנק און האַרץ — א שלאַנגען־נעסט.

אויף מיר הענגט די זינד און פלוך פון דורות,
און דער משפּט איז שוין לאנג בעשיידט:
כ׳גנעה אין שאָטען פון א טויזענד מוראס,
פרעמד איז מיר די גנאָד פון איינזאמקייט.

וועה דעם שטויב, וואס האָט זיך אָבגעריסען
און געבליבען הענגען אין דעם ווינד!..

— — — — — — — — — — — — —

זאָל די נאַכט שוין איבער מיר זיך שליסען
און פערצוקען מיך, וואס כ׳בין א זינד.

איך בין נישטיג האָפנונגסלאָז און זינדיג.

# ווידער



ווידער פריהלינג, ווידער בלעטער,
בלומען, בענקשאַפט, ליעבעס, ליעדער,
און דאַן ווידער זומער, ווינטער,
ווידער ס'אייגנע, ווידער, ווידער...

כ'שטעה ביים טייך. עס בלאָזט א ווינטעל,
ס'טראָגט פון ערגיץ זיך א קלאָגען.
טייך און ווינט און איך — מיר קענען
גלייך דאָס מעהר שוין ניט פערטראָגען...

# 卐 卐 卐 卐 卐 פערווירט 卐 卐 卐 卐 卐

פערווירט. אָהן קראַפט כאַטש איין מינוט
אָהן עקעל צו בעטראַכטען זיך אליין,
צו רעדען און ניט פּיהלען „ביזט געמיין”,
צו שווייגען און ניט שפּירען שאַנדע־גלוט.

איך וויים ניט, וואו איך בין, וואס שלעכט, וואס גוט,
און זעה קיין גרעניץ ניט פון מיאוס ביז שעהן.
פערשטעה מעהר ניט וואס אומריין איז, וואס ריין,
און כ'האָב עם אויסצוהאַלטען ניט קיין מוט.

געבראכען איז מיין שטאָלץ. איך ליג אין שטויב.
דעם לעצטען פריינד פערלארען. ס'האָט זיין לויב
ענטבלויזט פאר מיר דעם פּרצוף פון מיין שאַנד.

ווי לאַנג נאָך וועל איך נארען ? און... פּילייכט
ווערט די ערלייזונג גאָר אזוי דערגרייכט ?
וואו איז צו ווייזען מיר דעם וועג א האנד ?

## 卐 卐 卐 卐 卐 קלאַנגען 卐 卐 卐 卐 卐

קלאַנגען, קלאַנגען, ווערטער־קלאַנגען,
אייער נעץ האָט מיך געפאנגען,
אייער נעץ איז שפינוועבס־דין,
אייער נעץ האָט קיין שום זין,
אָבער ווי די פליג ביים שפין,
וואַרף איך זיך אַהער — אַהין,
קנעכט פון זינלאָז קלינגענדיגע קלאַנגען.

שטעהען דאָרט אין פעלד די זאַנגען.
ביז דער סערפ וועט זיי דערלאַנגען,
שטעהען זיי זיך געל, צי גרין,
קושען היים זיך מיט דער ביהן,
טאַנצען זיך אַהער — אַהין,
פרעגען קיינמאָל ניט „וואוהין?“ —
שטעהען זיך און פרעהען זיך די זאַנגען.

איך נאָר צאַפּעל זיך אין קלאַנגען,
ווערטער האָבען מיך געפאַנגען.
שריי אַלץ: „איך, דער מאַנדאַרין!“
און פונקט ווי א בעדואין
דרעה איך זיך אין וואָרט־געשפין,
אין דער וויסט פונ'ם וואָרט־געשפין,
אין דעם צירקעל פון דעם שפין,
קנעכט פון זינלאָז קלינגענדיגע קלאַנגען.

# 卐 卐 卐 卐 לאַנגווייליג 卐 卐 卐 卐

לאַנגווייליג. און ס'ווילט זיך, ווילט זיך,
ווילט זיך גאָרניט טהאָן.
היינט געגוג גערעדט, געשפּיעלט זיך,
און מעהר ווילט זיך, ווילט זיך, ווילט זיך,
ווילט זיך גאָרניט טהאָן.

וועל זיך לעגען אויף דער סאָפע
און וואס זאל איך טהאָן?
טרינקען טעע, צי טרינקען קאָפע?
לעזען פון מיין ליעד אַ סטראָפע?
ניין! וויל גאָרניט טהאָן.

פעסטער, פעסטער איינגעהילט זיך
און מעהר גאָרניט טהאָן.
זעלבסט פערוויגט און איינגעשטילט זיך,
זיך פערגעסען, ניט געפיהלט זיך,
דען עס ווילט זיך, ווילט זיך, ווילט זיך,
ווילט זיך גאָרניט טהאָן...

## 卐 卐 卐 卐 卐 דער גערוך 卐 卐 卐 卐 卐

דער גערוך, דער גערוך,
דער גערוך וועלכער גרוילט,
פון א מת, וועלכער פוילט —
דער גערוך, דער גערוך.

נעהמט איינגאנצען מיך דורך,
פריקרע־זיסליך אזוי,
געלבליך־גרינליך און בלוי
דער גערוך, דער גערוך.

איהם צו מיידען איך זוך,
ער פערפאָלגט מיך נאָך מעהר.
און איך זעה איהם... שפיר... הער...
דעם גערוך, דעם גערוך.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
פון מיין אייגענעם טרופּ
דעם גערוך, דעם גערוך.

## צו מיך

העי! וועמעס הארץ האלט פעסט דער אומעט
ווי רייפען פון א שלאנג?
און וועמען איז די וועלט,
די ברייטע, גרויסע וועלט
א צוואנג?

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

און ווען מען האָט עס פון דעם הויז געיאָגט,
צו לויפן אין געדרענג,
אין גאַס־געדרענג,
און דאָרט געפּיהלט, ווי אין דער היים געפּיהלט:
ס'איז ענג!?

און פון ווען מען לאַכט מיט שפּאָט דער הימעל,
א בלויער אויסגעצוואָגענער,
צי א געפּאַנצערטער אין בליי
ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ קיין אויסוועג,
קיין אויסוועג סאַי ווי סאַי?

העי, ווען?

אהער צו מיר,
צו מיר געשווינד!
אין מדבר, פעלד, לויף איך מיט דיר,
דאָרט וועלען מיר זיך, ווי די הינד
א וואָרף טהאָן אויף דער ערד,
און וואָיען הויך,
ביז ס'וועט ניט זיין שוין מעהר קיין כח
צו וואָיען מעהר.

## 卐 卐 卐 卐 卐 ק י י ט ע ן 卐 卐 卐 卐 卐

קלימפער־קלימפער. זינגט אָהן אויפהער,
קלינגט אָהן אויפהער
און אָהן זין.
און דאָס זינגען און דאָס קלינגען
יאָגט מיך אימער,
פלאָגט מיך אימער,
סאי ביי נאכט און סאי ביים שימער
פון דעם טאָג.
וואו איך געה נאָר,
וואו איך שטעה נאָר,
וואו איך בין,
קלינגט און זינגט עס, און ס'בעגלייטען
מיך די קייטען, קייטען, קייטען,
און זייער ברום.
קייטען גרויסע, קייטען קליינע,
און זיי אַלע, פעסט ווי א י י נ ע ,
רינגלען, צינגלען
מיך ארום.

קייטען אויף דעם קערפער,
קייטען אויף דער זעל,

קייטען, ווען ס'איז פינסטער,
קייטען ווען ס'איז העל.
קייטען, קייטען, קייטען,
קייטען אומעטום,
קייטען, ווען איך רעד נאָר,
קייטען, ווען כ'בין שטום.

זעהט איהר דאָרט דעם וואָרם זיך שלייכען,
קריכען דאָרט אליין?
הערט איהר ס'אונמעכטיגע פּרייכען
פון דעם הונד'ס געוויין?
ווי דער וואָרם און ווי דער הונד,
שלייך איך, פּרייך איך אויך אזוי.
ווייל די קייטען
זייער פלוך אויף מיר פערשפּרייטען,
און בעהערשען און בעצווינגען
מיך מיט זייערע רינגען.
ווייל די קייטען ווילען מיך ניט ווייכען,
און זיי קייכען,
פון געלעכטער וואהנזיניג זיי קייכען,
און זיי קלינגען,
שפּאָטיש־זיעגעריש זיי זינגען,
לאַכען אָב פון מיר,
פון מיר.

## 卐 卐 卐 卐 卐 שאַ, געדולדיג 卐 卐 卐 卐 卐

ביי דעם גאַנגעס, ביי דעם גאַנגעס,
בליהען לאָטאָס־בלומען.
אויף די הויכען פון עקוואַדאָר
טורמען פאַלמען־וועלדער
און אַן אייביג רוה־ליעד ברומען.
און דאָרט ערגיץ, אין א לאַנד א ווייטען, אָהן א נאָמען,
איז א קוואַל פאַראַנען,
שלאָגען פון איהם שטענדיג.
מאָדנע לויטערע פאַנטאַנען,
וואָס זייער יעדער שפריי גיט רוה,
רוה, רוה, רוה...
און דו? —
אין די טאָלען פון אייביגער אונרוה,
זינד און —
נישטיגקייט...

ווער איז שולדיג?
שאַ, געדולדיג,
שאַ, געדולדיג,
ק י י נ ע ר איז ניט שולדיג...

# יואָלאַ

יואָלאַ! יואָלאַ! זי הייסט ניט אַזוי,
נאָר מיר איז אַזוי זי בעקאַנט.
איך וויים ניט: איז גרוי, אָדער שוואַרץ, אָדער בלוי
איהר אויג, און צי ווייך איז איהר האַנד.
איך וויים ניט, ווי רופט מען איהר שטאַם און איהר לאַנד:
עגיפּטען, פּאָמפּעי, אָדער טראָי.
צי גאָר סאַמאַרקאַנד? כ'בין דאָס אַלץ ניט אימשטאַנד
צו זאָגען. מיר איז זי ד י פ ר ו י.

נאָר איינס פון יואָלאַ'ן דאָס וויים איך גאַנץ קלאָהר:
זי הערשט און בעפעהלט און בעצווינגט.
טאָג, מאָנאַט און יאָהר, סאַי אין טרוים, סאַי אין וואָהר,
איהר רוף און בעפעהל מיך פערקלינגט.
נאָר ווער איז יואָלאַ, ווער איז זי וואָס ברענגט
מיר ליידען און אַנגסטען און אונרוהען נאָר?
אַ ליעד, וואָס פערזינגט, צי אַ וועל, וואָס פערשלינגט?
איך וויים ניט, איך וויים ניט פאַרוואָהר...

## 卐 卐 卐 卐 卐 דורך׳ן פענסטער 卐 卐 卐 卐 卐

ווי אַ זיפץ אין מיטען נאַכט,
האָט מיין פענסטער זי פערבייגעוועהט,
אין אַ שפּיצען־הוט און וויאָלעטען־קלייד —
ווי אַ זיפץ אין מיטען נאַכט.

האָב זי ניט בעטראַכט,
יאָ, צומאָל זי ניט געזעהן,
האָט פערבייגעשוועבט און שוין,
האָט פערבייגעשוועבט און איז פערשוואונדען,
און איך זיץ אַלץ לאַנגע שטונדען
צו דעם פענסטער צוגעבונדען,
און איך טראַכט, און טראַכט, און טראַכט:
„ווי אַ זיפץ אין מיטען נאַכט״.

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

ס'האָט מיין האַרץ אַ ציטער דורכגענומען
ס'איז אַן אומעט פּלוצלינג אָנגעקומען,
און צושטערט איז גאָר מיין רוה.
מאַך איך גאָר די אויגען צו,
זעה איך גלייך: עס גערט
ס'מיידעל אין דעם שפּיצען־הוט און וויאָלעטען־קלייד.
און דאָס האַרץ עס פּלאַטערט און עס קלעמט,
בענקט נאָך עפּעס ווייט און פרעמד,
בענקט נאָך עפּעס וואָס ניטאָ,
נאָך אַ ניט געהאַטער שעה,
נאָך אַ גליק, וואָס לעגענדאַריש,
אָדער אפשר נאַריש, נאַריש, נאַריש...

יאָ, איז זיץ איך דאָ אַ היבשע ווייל,
חלום, טראַכט, און אַלעם ווייל —

ווי אַ זיפץ אין מיטען נאַכט,
האָט מיין פענסטער זי פערבייגעוועהט,
אין אַ שפּיצען־הוט און וויאָלעטען־קלייד, —
ווי אַ זיפץ אין מיטען נאַכט...

## 卐 卐 卐 卐 卐 ניט היינט 卐 卐 卐 卐 卐

ניין, היינט וועל איך צו דיר ניט געהן.
כ'האָב היינט געפיהלט, אי שפּעט אי פריה:
דו ביזט מיין „בעל דאַם סאַן מערסי",
מיין אָדלער־פליה, מיין שטרויכעל־שטיין.
ניין, היינט וועל איך צו דיר ניט געהן.

פאַר דיר די מיטאָג־זון איז שעהן.
מיך רייצט פיעל מעהר דאָס אָווענד־רויט,
פון אומעט־שאָטענס שטיל בעגלייט —
א זיפץ וואָס מוז, נאָר וויל ניט געהן —
ניין, היינט, וועל איך צו דיר ניט געהן.

דאָך ביזטו מיין, און מיין אליין.
אויף אלע וועגען, נעכט און טעג,
זוכסטו דאָך בלויז צו מיר דעם וועג.
מיין זעהנזוכט — זי איז דיינע שוין,
דאָך וועל איך היינט צו דיר ניט געהן.

ווייט קלינגט א גלאָק. די לופטען וועה'ן
מיט בענקשאַפט און מיט דופט.
די שטים פון דורות אין מיר רופט.
ווי ווילט זיך מיר צו דיר איצט געהן!..
ניין, היינט וועל איך צו דיר ניט געהן...

## 卐 卐 卐 卐 卐 מיין קראַנץ 卐 卐 卐 卐 卐

ס'האָט די ליעבע אויסגעפלאָכטען
מיר אַ שעהנעם קראַנץ פון בלומען.
ווען איך האָב געליעבט אַ מיידעל,
איז אַ בלימעל צוגעקומען.

פאַר מיין קראַנץ האָט ס'גוטע מזל
בלימלעך אַלערליי געפונען,
בלויע בלימלעך, ווייסע בלימלעך
און אויך רויטע ווי רובינען.

בלויע בלימלעך — זאַנפטע זעלען,
ווייסע בלימלעך — צניעות־טויבען,
רויטע בלימלעך — הייסע שעלמעס,
וועלכע פלעגען נעכט מיר רויבען.

פיעלע גוטע שטונדען האָבען
מיר די בלימעלעך געגעבען,
מיט אַ טיעפען דאַנק געדענקען
וועל איך זיי דאָס גאַנצע לעבען...

## 卐 卐 卐 卐 צו בלוי זיינען מיינע אויגען 卐 卐 卐 卐

卐
卐 卐 卐

צו בלוי זיינען מיינע אויגען,
קענסט זיי ניט פערגעסען שנעל.
ווי דעם מענש האָט דורות לאַנג צו בלויער בלום געצווינגען,
וועט דיך ציהען צו דער בלויער וועל,
וועלכע שטראָמט פון מיינע אויגען.

צו בלוי זיינען מיינע אויגען.



דו האָסט מיך געוואָלט בעזיצען,
כ'זאָל דיין פּאַזש און ריטער זיין.
אָבער ווי די בלויע שלאַנג פון יולי־אָווענד — בליצען,
פאַלש איז, פאַלש, דער בלויער אויגען־שיין.
קענסט איהם געגצליך ניט בעזיצען.

צו בלוי זיינען מיינע אויגען.

פון דיין שטים צו מיר דערגאַנגען
איז אַ פרעמדער ווידער־קול.
אָ, דו וועסט נאָך דרייצעהן האָבען, דרייצעהן נאָך בעלאַנגען,
נאָר אין יעדענס אויג וועט יעדעס מאָל
מ י י ן אויג רייצען דיך און פאַנגען.

צו בלוי זיינען מיינע אויגען.

בלוי מיין אויג און בלוי זיין שימער —
פאַלש — פערפיהרערערישער שיין.
נאָר ס'וועט אימער, ווי כינעזער צו דעם אָפּיום־צימער,
ציהען דיך צום בלויען שימער.
סאַי אין פרייד און סאַי אין פיין
וועסטו בענ־ען און געדענקען
אָן מיין בלויען אויגען־שיין.

צו בלוי זיינען מיינע אויגען.

# דער נאַכט־גאַנג

נעווען איז א פינסטערע נאכט,
א נאכט, וועלכע טרעפט זיך נאָר זעלטען,
ווען איינמאָל פערזאָרגט און פערטראכט
אלע וועגען דעם סוד דעם פערשטעלטען,
דעם רעטעניש פינסטער־פערשטעלטען,
געגאנגען מיט איהר בין איך זאכט,
וואָס כ'האָב זי געזוכט אין צוויי וועלטען,
וואָס ליעבער איז מיר פון צוויי וועלטען.

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

דער וועג האָט געפֿיהרט צו אַ באַרג,
אַליץ העכער געוואָרען און שמעלער.
געדריקט זיך צו מיר האָט זי שטאַרק,
געבעטען מיר זאָלען געהן שנעלער.
אַן ענד צו דעם וועג געוואָלט שנעלער.
נאָר דאָרט אויפ׳ן באַרג׳ס קרומען קאַרק,
האָב איך ניט געזוכט וואו ס׳איז העלער,
געפֿיהרט, וואו ס׳איז טונקלער, ניט העלער.

און ווען אין דעם נאַכטליכען גאַנג
מיר זענען צום באַרג־שפּיץ געקומען,
און ס׳האָט דעם בליץ׳ס גליהענדער שלאַנג
בעלויכטען אַן אָבגרונד אַ שטומען,
אַ תהום דאָרטען אונטען, אַ שטומען,
האָט זי מיט אַן אַנגסטיג פֿערלאַנג
ס׳פֿערבאָרגענע וואָרט מיינס פֿערנומען,
דאָס לעצטע שוין וואָרט מיינס פֿערנומען.

כ׳האָב טיעף־טיעף אין אויג איהר געבליקט,
נאָר קיין שום בעשייד ניט געפֿונען.
דאַן האָב איך צום האַרץ זי געדריקט,
אָט די, וועלכע האָט מיר געשפּונען,



א וואונדערבאר חלום געשפּונען.
און היים זי מיט קושען געשטיקט,
מיט וועמען עס איז מיר צורונען,
מיין איינציגער חלום צורונען.

שטיל — שטיל איז געבליבען איהר ברוסט,
שטיל — שטיל איז געוועזען דאָס שיידען.
און איך האָב מיט פלאַמענדער לוסט,
און מיט א ניט מענשליכען ליידען,
מיט א ניט געפיהלטען נאָך ליידען,
מיין ליעבסטע אין תהום טיעף און פּוסט
ארונטערגעשליידערט . . . און ביידען
בעפרייט דאָן דערוויילע פון ביידען.

און ווי דרויסען פינסטער נאָר ווערט,
און פינסטערער נאָך אין מיין הארצען,
שוין שטעה איך פון אומעט בעשווערט,
דאָרט וואו כ'האָב בעגראָבען אין שמאַרצען,
מיין טרוים און מיין האָפנונג און שמאַרצען.
כ'בין דאָרט. דען מיין לעבען געהערט
אויף אייביג דעם אָבגרונד דעם שווארצען,
דעם תהום דאָרט, דעם לויערענדען, שווארצען

## 卐 卐 卐 卐 卐 מיין ליעבע 卐 卐 卐 卐 卐

מיין ליעבע, זי איז ניט פון פרייד העל בעטאָגט,
מיין ליעבע, זי צאַנקט און זי פלאַטערט.
אַ גיפטיגער צווייפעל מיך נאָגט
און מאַטערט.

מיין טרוים איז פון גאָלדענעם שיין ניט געוועבט,
מיין טרוים איז פון שוואַרצען געשפּונען,
געשפּונען.
אַ פינסטערע זעהונג נאָר שוועבט
אין זינען.

מיין ליעד — ניט דער פריהלינג-טריאומף איז זיין טאָן,
מיין ליעד זינגט פון בלעטער פערגעלטע,
פערגעלטע.
אַ מורא אַ שווערע פילט אָן
מיין וועלט נאָר.

## 卐 卐 卐 卐 卐 כ'ליעב אַ מיידעל 卐 卐 卐 卐 卐

כ'ליעב אַ מיידעל טריי און עהרליך.
קוק איך אין איהר אויג דעם שווארצען,
נעהמט עס שפּיעלען, נעהמט עס זינגען,
נעהמט עס זינגען אין מיין הארצען.

און זי זאָגט, זי האָט מיך אויך ליעב,
און ווי קען איך איהר ניט טרויען?
נאָר זי וויל איך זאָל אַ העלד זיין,
בלויז אזעלכע ליעבען פרויען.

דאָך איך בין קיין העלד, קיין גיבור,
און פערגעסען מוז איך ס'מיידעל,
וועל מיר אָן דער זייט אוועקגעהן,
וועל זיך האַלטען שטיל און איידעל.

וועל בעהאַלטען טיעף מיין וועהטאָג
און מיין לעצטעס וואָרט איהר זאָגען,
אז איך ווינש איהר גליק און מזל,
וועל קיין כעס אויף איהר ניט טראָגען.

וועל אוועק. און טהאָן צו גאָט
וועל יעדען טאָג איך תפלות זיבען,
אז דער שטארקער זאָל זי קיינמאָל
שוואכער כאָטש, ווי איך, ניט ליעבען....

# 卐 卐 卐 卐 卐 אין חלום 卐 卐 卐 卐 卐

„קום שפּאַצירען, קום שפּאַצירען,
אין דעם פּריץ'ס פּאַרק, דעם שטומען,
לאה'ס אויגען ציהען, מאַניען,
בלויער נאָך פון קאָרנבלומען".

„לאָמיר לויפען, לאָמיר שפּרינגען
אויף די הויכע בערג ווי הערשען,
חנה'ס אויגען ברענען פינקלען,
שווארצער, שווארצער נאָך, ווי קערשען".

„קום זיך שיפען, קום זיך שיפען
דאָרטען אויף דעם שטילען וואסער,
רחל'ס קאַרע אויגען לאַשטשען,
זאַנפטער נאָך ווי נאַכטשיין בלאַסער".

אך, אין חלום, אלץ אין חלום,
מיידלעך ד ר י י דאָן זיינען מיינע.
און ביי־טאָג מוז איך זיין — סטאַטעק,
און מיין מינע — איידעל־פיינע.

# כ׳ערוואַרט דיך

כ׳ערוואַרט דיך. און ווייס, אַז אָט באַלד וועסטו קומען
און וועסט מיט אַ בליק אַ פערשעהמטען, אַ באַנגען,
אַ בליק, וואָס שפּרייט אויס אין דעם האַרץ ווייסע בלומען,
אַ בליק, וואָס צו איהם קען דיין אויג נאָר דערלאַנגען,



דערצעהלען די בשורה, אז מוזט מיך אלץ ליעבען,
אז קענסט גאָר ניט לעבען, און מיך מעהר ניט ליעבען.

דאָס הארץ מיינס, וואָס דו ביזט זיין איינציג פערלאנגען,
עס בענקט נאָך דיר און עס זוכט דיך כסדר,
(ווייל אונז האָט געשלאָסען אַן אייביגער נדר,
ווייל מיר זענען איינס לויט אַן אייביגען נדר),
מיין הארץ וועט מיט שטיל — שטילער פרייד געהמען זומען,
מיין הארץ, עס וועט טרויעריג — טרויעריג ווערען.
ס'וועט שטיל פריידיג זינגען, ווייל דו ביזט געקומען,
ס'וועט ווערען פערטרויערט, ווייל כ'מוז דיך אָנווערען.

דען, ליעבסטע, מיר וועלען זיך מוזען צושיידען.
דער גאָלדענער שטערען פון אונזער בעגעהרען
וואס לייכט אין דעם פינסטערען וועג פאר אונזביידען, —
זיין פלאם מוז נאָך ווייטער דער ווייטקייט געהערען.

מיר וועלען זיך שיידען, זיך ווידער צוטיילען,
צוויי זעעלען, וואָס וועלען נאָר זוכען צוויי זעעלען.

בעגייט ווען דאַן ווערען צוריק אונזער נדר,
צו זוכען שטענדיג, צו בענקען כסדר,
(ווייל אונז האָט געשלאָסען אַן אייביגער נדר,
ווייל מיר זענען איינס, לויט אַן אייביגען נדר).

## 卐 卐 卐 卐 卐 פערגיב ! 卐 卐 卐 卐 卐

אָ, איינציגע מיינע דו,
האָב איך דען רוה ?
בין איך געשטילט ?
און לייכט דען ניט דיין בילד
ארוים פון מיין יעטוועדען בליק און ריהר ?
און ווייגט דען ניט מיין הארץ,
און ווייגט דען ניט מיין הארץ פאר דיר ?

ס'איז שלעכט דיר, יאָ.
דיין טרוים איז מעהר ניטאָ.
דאָך זאָג : מ י י ן ט ר ו י ם וואו איז ?
אָ, איינציגע מיינע דו,
מ י י ן ט ר ו י ם איז — וואו ?...

פערגיב זשע מיר, פערגיב !
ניט פרעג, ניט מאָהן,
ניט שטראָף, ניט צאָהל.
דיין יעדע שטראָף איז קליין
אנטקעגען דער,
מיט וועלכער כ'שטראָף זיך יעדע וויל אליין.

פערגיב, אָ דו, וואָס כ'האָב געליעבט אמאָל,
און האָב אויך איצטער ליעב.
פערגיב !

פערגיב דו דעם, וואָס קען ניט ליעבען מעהר
און וויים קיין רוה,
אָה איינציגע, מיינע דו....

# 卐 卐 卐 卐 卐 דער כלב 卐 卐 卐 卐 卐

עס וואָיעט דער כלב פון תאווה אין מיר.
איך דרעה זיך און ווארף זיך אין געל־רויטע רינגען,
און הייזעריג רופענדע קולות פערקלינגען
מיין זינען. דער כלב, ער וויל מיך פערשלינגען,
וואָס האָט ער, וואָס האָט ער צו מיר?

ווילד ווארפט זיך דער כלב פון תאווה אויף מיר.
עס גליהט זיך מיין קערפּער אין העלישע פלאַמען
אָט דריקט ער „די צייהנער, די בייזע, צוזאמען,
און רייסט מיר דאָס לייב, ווי מיט אייזערנע קאַמען,
איז שטאַרקער, איז שטאַרקער פון מיר.

געשעהן... איך — אין שטויב. ער — דער הונד — איבער מיר.
כ׳קען גאָרניט מעהר זעהן און ניט הערען,
אומזיסט שוין צו קעמפען, זיך ראנגלען און וועהרען,
דער הונד איז מיין האַר איצט, ער וועט מיך פערצעהרען,
אַ סוף שוין, אַ סוף שוין צו מיר...

卐 卐 卐 卐 卐 **זינד** 卐 卐 卐 卐 卐

די נאַכט איז שטיל און פאַנגט מיך אין איהר בויגען.
פון אויבען קוקט אַ גאַנצער הימעל אויגען
און זעהט די זינד, וואָס איך בין שוין בעגאַנגען,
און זעהט נאָך מעהר די זינד פון מיין פערלאַנגען,
און זעהט מיין זינד.

די נאַכט איז שטיל און אין אַ שטומען לויערן
ליגט גאָר די וועלט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן,
און הערט דעם גאַנג פון מיינע זינד — געדאַנקען,
און הערט מיין טראָט, דעם טראָט פון זינדיג שוואַנקען,
און הערט מיין זינד.

עס צאַנקט מיין האַרץ, עס וויים פאָראויס די ענד שוין,
אָהן קראַפט מיין פלוך און אָהן גענאָד מיין בענשען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און בין דאָך ריין. שנעע־וויים מיין האַרצענס־שטרעבען,
ווער האָט אין שפּאָט דער זינד מיך אָבגעגעבען,
דער בלינדער זינד?

## אויפ'ן וועג

אין אַ בענקענדען פאַרנאַכט,
איינגעבויגען, אָבגעשוואַכט
פון דעם לעבענ'ס שווערען עול,
פון געדאַנקען, שוואַרץ ווי נאַכט,
האָב איך אָנגעקלאַפּט אַ מאָל
אין דער טיר פון גאָט'ס געצעלט.
„ביזט צו זינדיג!" האָט פערשטעלט
מיר דעם וועג דער ענטפער דאָרט.

צוועלף־ביינאַכט — די הפקר־צייט,
נאָך אַ לאַנגען, שווערען שטרייט
מיט דער זינד און מיט מיין שאַנד,
מיט דער קראַפט פון אומריינקייט,
האָב איך מיט אַ פעסטער האַנד
אָנגעקלאַפּט אין שטן'ס טיר.
„ביזט צו גוט!" האָט שטן מיר
אָבגעזאָגט מיט שטרענגען וואָרט.

און איך וואָגעל, וואָגעל מיר
אַלץ פון גאָט'ס צו שטן'ס טיר.
און צוריק... און מיינע טעג —
זיי פערגעהען אויפ'ן וועג.

## 卐 卐 卐 卐 卐 די סטאַטוע 卐 卐 卐 卐 卐

卐

### 1

און ער האָט געזאָגט אזוי :
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי,
וואָס פון קינדווייז אָן געהערט
איהר מיין איטליכער בעגעהר ;
וועלכע האָט מיט שטראַהלען־האַנד
א פער׳כישופ׳ט וואונדער־לאַנד
יעדעס מאָל פאַר מיר ענטדעקט,
ווען זי האָט זיך נאָר ענטפּלעקט,

און ער האָט געזאָגט אזוי :
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי,
וואָס איהר שפּור, מיט זאמד געמישט,
איך האָב דורשטיג אויסגעקושט ;
וואָס איהר בליק האָט מיך גערעגט
און מיט וואונשען מיך געוועקט,
וואונשען שטאַרקע, מאָדנע זעהר,
ציטריגע, ווי דער בעגעהר
פון דער בלום צום זונענשיין,
צינדענדע, ווי שטאַרקער וויין.

און ער האָט געזאָגט אזוי :
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי,
וועלכע האָט אין זאנפטען בלאָה
פון פאַרנאַכט, דער שטילער שעה,
מיך ארויסגעפיהרט אין פעלד
און מיין בליק מיר אָנגעשטעלט
און א בענקעניש פול לייד,
אין א בענקעניש פול פרייד ;
וועלכע האָט אין שוואַרצער נאַכט
לויפען מיך אין גאַס געמאַכט,
דאָרט די גרויסע בענקשאַפט־פּיין
צו בערוישען מיט דעם וויין
פון געקויפטער ליעבע־לוסט ;
אויף א פרעמדער, קאַלטער ברוסט

זיך פערגעסען אין דעם בראַנד
פון פער'שיכור'ענדע שאַנד.

און ער האָט געזאָגט אזוי :
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי,
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי,
זיי פאַר מיר אָט יענע פרוי !...

2

און ס'איז דאָרט געשעהען דאָס וואונדער.
די האַרטע און קאַלטע סטאַטוע
האָט עפּעס פערלאָרען די רוהע,
וואָס האָט יעדען אבר בעזונדער
געפּענטעט. עס זיינען די אויגען
מיט לעבען געוואָרען בעצויגען,
און איטליכער בליק האָט געזונגען
און איטליכער האָט איהם — פערקלונגען.
עס האָבען די ליפּען גענומען
באַלד בליהען מיט פּאָמסענע בלומען
און האָבען גערופען, גערופען,
גערופען, גערופען, גערופען...
און אָט האָט דער קערפּער דער גאַנצער
בעפרייט זיך פון שטיינערנעם פּאַנצער.

ער האָט ווי אַ שלאַנג זיך געבויגען
און שמעכטיג דעם מאַן צוגעצויגען,
מיט שטראָמען פון פייעריגען גלוסטען,
וואָס האָבען ווי לאַווא געגאָסען,
וואָס זענען בערוישענד געפלאָסען
ארוים פון די טאַנצענדע ברוסטען.
און אין אַ בעצויבערנדען בויגען
האָט זי איהרע הענד אויסגעצויגען
און אין איהרע אָרעמס די צאַרטע,
פערשפּרעכענדיג ס׳גליק לאַנג ערוואַרטע,
דאָס גליק פון געגאַרטען בעהעפּטען,
גערופען דעם מאַן דעם געפּלעפּטען.

3

ער האָט געוואַרט אַן אויגענבליק,
אַ ווייַלע, וואָס אין איהר קלינגט־אָב
דער ראַשער אייבינקייטס גאַלאָפּ,
און צו דעם לאַנג געהאַרטען גליק
האָט ער פערווירט געוואָרפען זיך
פּונקט ווי אַ שטורם־ווינד, ווילד און גיך.

פון אַלץ ארום, פון הימעל, ערד,
געוואָרען איז איין רויטער ים,
וואָס האָט געברענט מיט לוסטען פלאַם,
וואָס האָט איין זאַך, איין זאַך בעגעהרט.

און גאָר די וועלט האָט יום־טוב׳דיג
זיך אָבגעשטעלט אויף איין מינוט.
א ווײַלע האָט אַלצדיג גערוהט
צו פײַערען דעם מענשענס גליק.

4

און אויף מאָרגען האָט מען דאָרטען
אין דעם ווינקעל פון דעם גאָרטען,
וואו אין אייביג קאַלטער רוהע
איז געשטאַנען די סטאַטוע
פון א מארמאָר־אויסגעהאַקטער,
פון א קונציג אויסגעטאָקטער
פרוי — דאָרט האָט מען טויט געפונען
דעם, וואָס איז אראָב פון זינען
אין זיין שטורמישער פערוווירונג,
אין זיין אייגענער פערפיהרונג.
טויט. — און יענע, וואָס איהר ווייסקייט
האָבען שווארצע — שווארצע פלעקען
פון דער זינד געדארפט בעדעקען —
האָט געקוקט מיט קאַלטער דרייסטקייט.
ווידער איז איהר גאנצעס וועזען
שטייניג, קאַלט און הארט געוועזען.

גלייכגילטיג, מיט טעמפּער רוהע
האָט געשטארט אַלץ די סטאַטוע.

## 卐 卐 卐 卐 מיט גלאַנציגע בליקען 卐 卐 卐 卐

מיט גלאַנציגע בליקען,
מיט אויגען וואָס שיקען
אין מארך פלאַם און ווינד,
פאַר מיר שטעהט כסדר
אין בלוט־רויטע קליידער
די שטאַלט פון דער זינד.

און וואָס כ׳זעה זי מעהרער,
ווערט אַלץ מיר גאָר קלערער:
ניט מיין איז דער זיעג.
עס האָט מיך פון לאַנג אָן
איהר נעץ שוין געפאַנגען,
אימזיסט גאָר דער קריעג.

עס פליסט אין די בלוטען
דער סם פון׳ם ניט־גוטען
שוין דורות אין מיר.
וואָס איהם טוט געהערען,
מוז איך איהם אומקעהרען
צו שפעטער צו פריהר.

## 卐 卐 卐 卐 卐 גום האָר 卐 卐 卐 卐 卐

קום, נעהם מיך געשווינדער
דו האר פון די זינדער,
מיר שליסען א בונד.
הויב העכער און העכע׳
דיין פול — פולען בעכער
איך טרינק ביז׳ן גרונד.

וואו טיעפער דיין תהום איז,
וואו ווילדער דיין שטראָם איז,
אהינצו מיך פיהר!
וואָס שכור׳ער דיין וויין איז,
כ׳נעהם צו אלץ אָהן טענות,
איך געה איצט מיט דיר!

דיין האנד! קום מיר׳ן טאנצען
זיך פלעכטען אין קראנצען
מיט שלעכטס און מיט שאנד.
וואו הייסער דיין שטראָם איז,
וואו טיעפער דיין תהום איז,
וואו ווילדער דיין בראנד...

## ניט קוק...

ניט קוק אויף מיין טאָן און מיין פיהרונג,
וואָס מאַכען מיך העסליך און קליין.
דו גלויב: אין דעם האַרצען אַ ווייסקייט,
אַ ווייסקייט לויכט ליכטיג, לויכט ריין.

און פרעג ניט פאַרוואָס ס'איז ניט אַנדערש,
איך וויים ניט. איך בין ניט אימשטאַנד.
איך וויים נאָר: עס שפּינט אימיץ נעצען,
און פאַנגט מיך אין זיי נאָכאַנאַנד.

卐 卐 卐 卐 卐 מאַי און יוני 卐 卐 卐 卐 卐

## מאַי.

פער'כישופ'ט בויגיג, שלאַנק און צאַרט,
און ווייס נאָך ניט אַ מאַנ'ס געלעגער.
האָב בלויז געהערט פון פרויען־יעגער,
און וואַרט מיט אונגעדולד און וואַרט.

אין ווייס געקליידט. אין שטילען צעגער
דעם בוזעמ'ס אונשולד ליגט פערנאַרט,
אין נעסט פערשלומערט, רונד און האַרט,
אַ טויב, וואָס וואַרט נאָך אויף איהר שלעגער.

אין ווייס געקליידט. אין ראָזען שימער
די אויגען נידערען פערשעהמט,
אַלץ נעהנטער קומט עס, נעהנטער אימער:

די גאָלדנע לאָקען לויז צוקעמט,
אַ פאַרפומירטער, טונקלער צימער,
אַ דופטיג, זיידען האָכצייטס־העמד.



## יוני

צוריק געהאלטען. געהט — לאווירט,
און היט א סוד אָב, זאנפט פערהאנגען.
דאָס אויג, — ווי מאָרגענרויט ערשט אויפגעהאנגען —
גלאנצט היים און פייכט: שוין אויספראָבירט.

פון נייער זעהנזוכט גאנץ געפאנגען,
דער בוזעם וועלבט זיך זעלבסט־דערשפירט.
דעם קערפער'ס שלאנגען־בויג וויברירט
מיט קלאָהרע, רופענדע פערלאנגען.

געקליידט אין ראָז. אין פורפור־שימער
די רונדע אָרעמס ציטריג־זאכט,
צוריק זיך ציהען, ציהען אימער:

א וועלט־פערגעסענדיגע נאכט,
א רייצענד־פארפומירטער צימער,
א קראמף בעוועלטיגענד — פערשמאכט.

# 卐 卐 卐 卐 卐 אַלטע מיידלעך 卐 卐 卐 卐 卐

## 1

ליפּען, פון קושען פערשעהמטע,
(יוגענד, אַ יוגענד, דו פלאַמענדע!)
ברוסטען פון פינגער פערפרעמדטע,
(טוגענד, אַ טוגענד, דו צאַמענדע!)
נאַקענס אין בים ניט געזויגענע,
(יוגענד, אַ יוגענד, דו פלאַמענדע!)
אָרעמס אין לעערקייט געצויגענע,
(טוגענד, אַ טוגענד, דו צאַמענדע!)
לייבער, פון מאַן ניט דערבליקטע,
(יוגענד, אַ יוגענד, דו פלאַמענדע!)
טראַכטען צוזאַמענגעדריקטע,
(טוגענד, אַ טוגענד, דו צאַמנדע!)

## 2

האָט אַלץ גאָט געגעבען אייך,
איז דאָס בלויז פאַר מיר,



אלץ, וואָס מאַכט דאָס פרוי־לייב רייך —
פאַר מיין בליק און ריהר.

גאָר דער רייץ, און גאָר דער דופט,
אייך פון גאָט בעשערט,
ס׳גאַנצע לייב, וואָס שמאַכט און רופט,
מיר אליין געהערט.

און האָט איהר אין שטומער נאַכט,
בעטענדיג געזוכט —
אין דער לעערקייט פון דער נאַכט,
און געקרעכצט, געפלוכט,

און געיאָגט פון זיך דעם שלאָף:
האָט איהר מ י ך געוואָלט.
שווער, אוי שווער, פונ׳ם חוב די שטראָף,
וואָס ווערט ניט בעצאָהלט.

.3

טעג זענען פון שטונדען,
וואָכען ווערט פון טעג,
ליגט דער מענש געבונדען
אויף זיין קורצען וועג.

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

צעהלט ער ניט די שטונדען,
לאָזט ער דורך די טעג,
ווערט אלץ מעהר פערשוואונד
נאָר דעם מענש'ס פערמעג.

לויפען נאָך די שטונדען
יאָהרען אין געיעג,
שטעהט דער מענש אין וואונדען
שוין ביים סאָמע ברעג.

זוכט ער זיינע שטונדען,
רופט ער זיינע טעג:
„ווי איז דאָס פערשוואונדען
שנעל מיין גאַנץ פערמעג?"

מישען זיך די שטונדען,
פלאָנטערן זיך די טעג,
ווערט וואָס אָנגעצונדען,
שניידט אין הארץ א זעג.

פלאָנטערן זיך די שטונדען,
מישען זיך די טעג,
לויפט אלץ אין א רונדען
ווירבלענדען געיעג...

# ניו־יאָרק

מעטאַל. גראַניט. גערויש. געבראַזג. געפילדער.
אויטאָמאָבילען. הויך־באַהן. טיעף־באַהן. קאַר.
בורלעסק. גראָטעסק קאַפּעען. קינאָ־בילדער.
עלעקטריש ליכט אין גרילצענדען ווירוואַר.

געזיכטער פרעמד און בליקען פיינדליך—שטאַר.
קיין שמייכעל, קיין גוט־מאָרגען, פריינדליך—מילדער.
און איינזאַמקייט און ניט געטרייסטער צ ע ר
אין אָט דער דרענגעניש כאַאָטיש — ווילדער.

## 卐 卐 卐 卐 卐 אין גאַס 卐 卐 卐 卐 卐

הור־הא און עלעקטרישע ליכטער,
און קאַלטע און פרעמדע געזיכטער,
און מענשען־געיעג,
און רעוועגדער שרעק.
אַ, לאָמיך אוועק!

אוועק! נאָר עס וואַקסט פון די שטיינער
א שד מיט אמאָל אויס, און שטשירעט די ציינער
אויף מיר מיט א בייזען געלעכטער.
און לאַכענדיג פלעכט ער
צוריק אין געלאַף מיך אריין.

שטעהן בלייב איך א ווײַלע פערלאָרען און שטום.
נאָר איידער איך קוק מיך ארום,
לויף איך שוין ווי אַלע.
איך לויף און איך אייל זיך, און ס׳ברענט מיך דער צאָרען,
איך לויף און איך אייל זיך, דעם כעס שוין פערלאָרען,
איך לויף און איך לויף,
ווי אַלע...

## 卐 卐 卐 卐 卐 באוערי 卐 卐 卐 卐 卐

ער — א שיכור מיאוס'ער, אלטער,
מיט טריב־טרעהרענדיגע אויגען,
און אינגאנצען איינגעבויגען
אין דער נאכט דער רעגען־קאלטער.

זי — א יונגע, שלאנקע מיידעל,
נאָר מיט א צוטרונקען פנים,
וואקעלט זיך און האלט זיך אָן איהם,
האָר צושויבערט, אומריין ס'קליידעל.

ביידע לאכען אָבגעריסען,
זוכען ערגעץ וואו ס'איז טונקעל,
און פערשווינדען אין א ווינקעל.
טראָפּענס רעגען גיסען, גיסען.

## 卐 卐 卐 卐 卐 מיין שכנה 卐 卐 卐 卐 卐

כ'ליעב צו קוקען קעגענאיבער
אויף מיין שכנה.
שעהן צי מיאוס? אַ זיכער
ניט קיין שעהנע.

כ'קו'. וואָלט נאָר די וואנד די גרויע
זיין דורכזיכטיג.
וואָס זי טהוט, זעהט אויס צו זיין מיר
אזוי וויכטיג.

שטארק פערהאָוועט פון דער פריה ביז
שלאָפען לייגען.
אין דער פינסטער, פינקלען — רופען
איהרע אויגען...

# 卐 卐 卐 卐 אַ, שפּרייזען, שפּרייזען 卐 卐 卐 卐

אַ, שפּרייזען, שפּרייזען, שפּרייזען, שפּרייזען,
אויף די אַספאַלט־גאַסען.
אַ, טרעטען שטענדיג שטיין און אייזען
אויף די אַספאַלט גאַסען.

אַ, קוקען, פאַרשען אין געזיכטער,
צווישען הויכע מויערן.
אַ, יאָגען זיך נאָך ווייטע ליכטער,
צווישען הויכע מויערן.

אַ, זיצען לאַנגע גראָהע שעה'ען
ביי די קינא־בילדער,
אַ, פיהלען ווי דאָס האַרץ נעהמט גראָהען
פון די קינאָ־בילדער.

אַ, שלעפּען זיך אין די וואַגאָנען
פון דעם על און סאָבוויי,
אַ, זוכען אַלץ אַ ב ל י ק, אַ פּ נ י ם,
אין דעם על און סאָבוויי.

אַ, אומעט, אומעט, דו, מיין אומעט...

## 卐 卐 卐 卐 卐 אין קאַר 卐 卐 卐 卐 卐

ביז־באַז, ביז־באַז לויפט די קאַר,
פיהרט צום ווייב מיך אָהן געפאַהר.
טרעפען וועט קיין זאַך אין וועג
דורך די נעכט און דורך די טעג.
אַלץ איז וויסענשאַפטליך־זיכער.
לויפט דער טראַמוואַי גיך און גיכער.

קלינגט דאָס גלעקעל אַלע ווייל,
לויפט אַראָב וועד אין געאייל,
שטופט זיך אין דער ברייט און לענג —
קוקען איהם נאָך אין געדרענג
דורך עלעקטריש־טונקלע ליכטער
טעמפע, פיינדליכע געזיכטער.

כ׳קוק ווי אַלע אין אַ בלאַט,
נאָר דער טומעל מאַכט מיך מאַט.
זיץ איך מיר אין קאַר אַזוי
קוק אויף ווייבער אַלערליי:
ווייסע, שוואַרצע, גראָבע דינע,
קומט פערשיעדענעס אין זינען:

וועלדער געדיכטע, ניט דורכצוגעהן שוואַרצע;
לייבען און טיגרען און גיפטיגע שלאַנגען;
בייזע דראַקאָנען אויף איטליכען שטעגעל;
וועגען, אויף וועלכע עס לויערן רויבער
מיט די טורבאַנען און שאַרפע קינזשאַלען.

איך בין אַ ריטער מיט העלם און מיט פאַנצער,
רייט אויף אַ פערד, אויף אַ שטאַרקען און פלינקען,
האָב מיר אַ שפּיעז, וואָס פערפעהלט אין איהר ציעל ניט,
שטרייט מיט דראַקאָנען, מיט לייבען און טיגרען,
זיעג איבער רויבער, שלאָג ריעזען־גזלנים.

העלדיש דורך טעג און דורך נעכט פול מיט זעהנזוכט,
ברעך איך מיין וועג צו אַ שלאָס אויף אַ באַרג דאָרט,
וואו ס׳איז אַ יונג־פרוי אַ בלאָנדע געפאַנגען.
אייל צו מיין ליעבסטער דורך אַלע געפאַהרען,
צו מיין פּרינצעסין, וואָס קען ניט דערהאַרען
זיך אויף מיין קומען.

## 卐 卐 卐 卐 卐 卐 שאָטענס 卐 卐 卐 卐 卐 卐

מיין צימער — פיער פינסטערע ווענט,
פון איטליכער שטרעקען זיך הענד,
פון איטליכער ציהען זיך הענד,
און טרייבען ארוים.
כ'וועל לויפען אין גאס, וואו עס שיינט,
כ'וועל אפשר געפינע א פריינד,
א נאָהענטען מענשען, א פריינד —
די וועלט איז דאָך גרויס.

אריבערגעטראָטען די שוועל.
די גאס — זי שיינט בלענדענדיג — העל,
די ליכטער — זיי שימערען העל,
און מענשען — א וואלד.
דאָך קיינער פון זיי האָט קיין צייט,
איז פונקט ווי דער שיין פרעמד און ווייט
איז פונקט ווי דאס ליכט אזוי ווייט,
און אָבשרעקענד — קאלט.

עס דרינגט אין מיין הארצען די קעלט.
וואס דרעה איך זיך דאָ אויף דער וועלט ?
וואס האָב איך צו טהאָן מיט דער וועלט ?
ווער דארף מיך ? וועם — איך ?
מיין צימער — פיער פינסטערע ווענט —
דאָרט לויערען שאָטענס מיט הענד,
מיט ביינינע, פאנגענדע הענד,
און זוכען שוין מיך...

## 卐 卐 卐 卐 卐 ביים וואָקזאַל 卐 卐 卐 卐 卐

**ז. מאָוד'ען.**

גאָס איין, גאָס אויס. פון ראָג צו ראָג,
און פון לאַמטערען־שטראַהל צו שטראַהל.
און אָט בין איך ביים ציעל געווינשטען,
ביים וואָקזאַל.

ווי אַלע ראַש איך זיך און קוק
דאָרט אויף דעם גרויסען ציפערבלאַט.
און פרעג זיך נאָך אויף אַלע צונגען
אַקוראַט;

און שטופּ זיך מיט דער מענג צום טיר,
וואָס פיהרט אַרויס צו דעם פּעראָן;
און בין נערוועז, און יעדע רגע
שטרענגט מיך אָן.

נאָר ווען עס קומט שוין אָן דער צוג,
בלייב איך ווי עפּעס אינדערמיט.
דען כ'פאָהר אין ע ר ג י ץ, און ערוואַרט אויך
ק י י נ ע ם נ י ט . . .

## 卐 卐 卐 卐 卐 卐 שטאָדט 卐 卐 卐 卐 卐 卐

שטאָדט, שטאָדט.
שטאָדט פון זינד,
וואו אויף אַלע ראָגען
וואָיען פונ׳ם ניט גוטען
די קודלאַטע הינד.

שטאָדט, שטאָדט.
שטאָדט פון שאַנד,
וואו פון אַלע ווינקלען
לויערען פּאַסטקעס,
פּאַסטקעס נאָכאַנאַנד.

שטאָדט, שטאָדט.
שטאָדט פון מאַכט,
וואו עס ווערען יעדען טאָג
אַט אַזעלכע ווי איך,
ביטרע אויסגעלאַכט.

שטאָדט, שטאָדט.
שטאָדט פון רעלסען
און עלעקטריש דראָט.
נאָהענטע, אייגענע,
איינציגע,
ד ו  מ י י ן  ש ט א ָ ד ט...

# דער גרינער שטערען

(ענטנומען)

ווען איך שטעה נאָר אויף בעגינען,
נעם דעם קאָפּ צו מזרח קעהרען,
זעה איך אויף דעם פּאָן, דעם פייכטען,
מיר אנטקעגען ברוגז לייכטען
דעם גרינעם שטערען.

שלעפּ איך זיך א מידער, מאַטער,
צו מיין שטוב, ס'נעהמט פינסטער ווערען,
קוקט אויף מיר פון מערב קאַלטען
מיט א מיטלייד ניט־בעהאַלטען
דער גרינער שטערען.

און ווען כ'קום מיין הארץ דיר ברענגען,
גרייט — דו זאָלסט עס גלייך פערצעהרען,
בליצט מיט שפּאָט פון דיינע אויגען,
ווי א גיפטיג פייל פון בויגען,
דער גרינער שטערען.

# 卐 卐 卐 卐 卐 שנעע 卐 卐 卐 卐 卐

卐
卐卐

שנעע, שנעע, שנעע !
אַלץ איז איינגעהילט אין שנעע,
אַלץ פערזיגעלט און פעררינגעלט
איז אין שנעע,
אין אַ ווייסען, ווייכען שנעע.

פון דעם לאנגען, קרומען קארק
פון א הויכען, ווייטען בארג
איז אראָב א ווייסע פעע,
און בעהאנגען און געפאנגען
אלץ מיט שנעע,
און בעפינקעלט און בעשפרינקעלט אלץ מיט שנעע,
מיט א ווייסען, ווייכען שנעע.

זעה די ברייטע, בלאנקענדע אלעע!
זעה, ווי ריין, און זעה ווי שעהן
עס בעקליידט זי און בעשפרייט זי
אָט דער שנעע!
ווי עס פליהט און ווי ס'בעציהט
זי איינגאנצען
מיט בריליאנטען און דיאמאנטען,
מיט א מאָדנעם וואונדער־גלאַנצען
אָט דער שנעע!

זעה, ווי ס'דעקט זיך און עס שטרעקט זיך
אזוי פוכקע, אזוי ווייך,
אין דער ברייט און אין דער הויך,
אָט דער שנעע.
ווי עס גלעט אראָב דעם גאנצען וועה,

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

און ס'צוגיסט זיך און צופליסט זיך
גוט אזוי, גוט אזוי
אין דעם הארצען אַט דער שנעע,
אַט דער ווייסער, ווייכער, אונענדליכער שנעע.

העי! העי, העי!
הער ווי ס'שיפעט און עס סקריפעט
אַט דער שנעע.
וועלכע טענער זענען שעהנער
פון דעם סקריפען און דעם שיפען
פון דעם שנעע?
ס'ארא קלאנגען און געזאנגען
זענען דאָס בעהאלטען
אין דער ברוסט פון אַט דעם קאלטען,
קאלטען שנעע!

מענש, מענש, מענש!
ניט געלאָפען — שטעה!
זעה דעם שנעע!
גיב דיין האנד — לאָמיר טאנצען,
זאָל ער גלאנצען,
לאָמיר טופען
זאָל ער סקריפען,
סקריפען, סקריפען, סקריפען, סקריפען,



מיט זכרונות אַלערליי,
מיט אַ פרייד און מיט אַ וועה,
אָט דער שנעע,
אָט דער זינגענדיגער, קלינגענדיגער שנעע.

וועה, וועה, וועה!
שוין פערלאָרען, ניט געוואָרען
איז דער שנעע.
זיך צורונען און אנטרונען
ווי די זעהונג פון אַ פּעע
איז דער שנעע.
ס'האָבען פּיס אַ גאַנץ אַרמעע
זיך פערנומען און צונומען
און צושאָטען און צוטראָטען
אין אַ קלעע,
אין אַ גרויען, קלעפּעדיגען קלעע.

וועה! וועה! וועה!
ניט געוואָרען, שוין פערלאָרען
איז מיין שנעע,
אָט דער וואונדער־ריינער, וואונדער־שעהנער שנעע!..

## דריי בלומען

**נאָכ'ן פּוילישען**

אין מיין גאָרטען, דעם טויטען,
האָבען יענע דריי קווייטען
ניט בליהען געוואָלט.
די בלומען, וואס איינע
האָט געזאָלט זיין א רויטע,

א ווייסע די צווייטע,
די דריטע ווי גאָלד.
זיי האָבן ניט בליהען,
ניט בליהען געוואָלט.

און געזאָלט זיין האָט איינע
א רויטע, א שעהנע,
ווי די הייסע רובינען —
דיינע ליפּען די קליינע.
ווי די טרעהר, וואָס פלעגט ריינען
פון מיין אויג צו בעוויינען
מיין ליעבע, די טויטע.
ניט פערבליהט האָט די רויטע.

און געזאָלט האָט די צווייטע
זיין א ווייסע, א קלאָהרע,
ווייס ווי דיינע צוויי ברוסטען,
ווי צו דיר מיין געלוסטען,
מיין זעהנזוכט די וואָהרע.
נאָר פערזעצט אין א גאָרטען,
וואָס דער טויט קיניגט דאָרטען,
האָט די בלום אויך די צווייטע
ניט געבליהט, ווי די רויטע.



און ניט בליהען געוואָלט
האָט אויך די, וואָס געזאָלט
האָט א גאָלדענע זיין.
ווי דער לאשטשענדער שיין
פון די האָר דיינע לאנגע,
ווי דער טרוים, וואס כ׳פלעג שפינען
וועגען דיר אין מיין זינען
דורך די נעכט די אונהיימליכע, באנגע.
ניט פערבליהט האָט די דריטע !...

אך, איהר מענשען, איהר גוטע,
עס האָבען יענע דריי בלומען
ניט בליהען געוואָלט,
די בלומען, וואָס איינע
האָט געדארפט זיין א רויטע,
א ווייסע די צווייטע,
די דריטע, ווי גאָלד,
עך, ווי גאָלד !...

# דער פּאַלאַץ פון דער נאַכט

פעסטע, שוואַרצע מאַרמאַר־זיילען,
גאָלדנע פענסטערלעך אַרום,
ווענט וואָס האָרכען, האָרכען שטום, —
שטעהט דער פּאַלאַץ פון דער נאַכט.

בלוי־געשטיקטע זילבער־פּיילען,
אויסגעשפּרייטער פרידען, שטיל.
ווען ניט ווען אַ ווייטער ביל —
שטעהט דער פּאַלאַץ פון דער נאַכט.

וויעג־ליעד מורמלענדיגעם וואַסער,
וואַכזאַם־שושקענדיגער בוים,
גאָלד־און־בלוי געשטיקטער טרוים —
שטעהט דער פּאַלאַץ פון דער נאַכט.

דאָ און דאָרט אַן אָבגלאַנץ בלאַסער,
פרישער, פייכטער גראָזען־דופט —
קום, מיין קינד, דו זעהסט: עס רופט
אונז דער פּאַלאַץ פון דער נאַכט.

# 卐 卐 卐 卐 卐 פאָהרענדיג 卐 卐 卐 卐 卐

卐

ס'איז אומעטיג... כ'פאָהר אליין. און וואו, זאָגט, געפינט זיך
דאָס אָרט וואָס צו איהם שטרעבט מיין בלאָנדזשענדער בליק?
דער וועג, אָה, איהם אָרט ניט. ער שפּינט זיך און שפּינט זיך,
און פרעגט ניט צי וויל איך פאָראויס, צי צוריק.
איז אַלעס, איז אַלעס בעשטימט שוין פון פריהר?
ס'איז אומעטיג מיר...

דער צוג לויפט מיט אימפּעט, און ס'פליהען די שטרעקען
אַוועק ערגיץ וואו אין אונענדליכען רוים,
און שלעפּען נאָך זיך נאָך די שנעעאיגע פלעקען,

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

וואס חלומ׳ען אפשר פון פריהלינג דעם טרוים,
און בענקען נאָך זון און נאָך גרינעם קאָליר.
ס׳איז אומעטיג מיר...

מיין ווינטער, ער בענקט ניט נאָך פריהלינגס ערוואכען,
איהם אַרט ניט זיין ליעד און זיין דופט און זיין לוסט,
איין בלום, אָה, זי קען ער שוין גרין מעהר ניט מאַכען,
פערוועלקט שוין אויף אייביג איז זי אין מיין ברוסט.
אַ בלום מיינע, ווען נאָר כ׳דערמאָן זיך אָן דיר —
איז אומעטיג מיר...

די דעמערונג נעהנטערט. זי ווערט טיעפער — טיעפער.
און אָט ווערט פערשלונגען דאָס צאַנקענדע גראָה
פונ׳ם תהום, וועלכער מאַניעט דעם בלאָנדזשענדען שיפער.

---

אזוי איז דאָס אויג דאָך ביי דער, וואס ניטאָ,
אזוי האָט געצויגען דער בליק דאָך ביי איהר....
ס׳איז אומעטיג מיר.

פליה, צוג מיינער... שנעלער ! וואוהין ווערסט נאָר וועלען,
איך פרעג מעהר קיין זאך ניט. פיהר דו שוין אליין.
עס קען דאָך, עס קען דאָך קיין פראגעס ניט שטעלען
דער ווארפענדער האַנד דער געוואָרפענער שטיין.
מיך שלעפערט סיי ווי שוין. דען, גאָט מיין, אָהן שיעור
איז אומעטיג מיר...

## 卐 卐 卐 卐 卐 אין מיטען ים 卐 卐 卐 卐 卐

卐

אליין אין דער וועלט,
דאָ שנעל און דאָ זאכט,
פערטרויט אויף איהר מאכט,
זיך שלייכט אונזער שיף
דורך ווינד און דורך נאכט.

קיין סמן פון לאַנד ,
קיין ווינקענדער פלאַם,
נאָר הימעל און ים,
טראָגט — טראָגט אונזער שיף
אין מיטען דעם ים...

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

עס רוהט קיין מינוט,
עס אַרבייט דאָס מעער.
און ווארפט הין און הער
מיט געברום אונזער שיף,
און לאַכט דומף און שווער.

און ס'כאַפּט אָן דאָס האַרץ
פונ'ם לאַכען אַ שרעק,
דען וויסט איז דער וועג
און ס'איז אונזער שיף
ווייט, ווייט פון אַ ברעג.

קוקסט אַנגסטיג דיין פריינד
אין אויג טיעף אַריין,
און לעזסט דאָרט מיט פּיין
דיין אייגענע אַנגסט
פאַר דעם וואָס קען זיין.

די נאַכט רוקט זיך אָן.
ווילד יובעלט און קוועלט
דאָס גרוי־נאַסע פעלד,
און ס'איז אונזער שיף
אַליין אין דער וועלט.

# 卐 卐 卐 卐 卐 דער יעסען־טאַנץ 卐 卐 卐 卐 卐

卐

### 1.

אַ ווייסער, קאַלטער קוש
האָט אין אַ שטילער נאַכט
דער מיעדער וועלט אַ גרוס
פון נאָהנטען פריד געבראַכט.

און דורכגענומען האָט
אַ שטילער ציטער באַלד

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

דעם גאָרטען און דעם סאָד,
די פעלדער און דעם וואַלד.
„די רוה דאָך ענדליך קומט,
צום רעש א סוף אמאָל“,
האָט גליקליך אויך געברומט
דער טייך דאָרט אין דעם טאָל.

.2

און אויסגעפוצט און אויסגעצירט
האָט זיך די וועלט, פון טויט בעריהרט.
ס'האָט יעדער צווייג און יעדער בלאַט
זיך אין דעם בעסטען אויסגעשטאַט.
און איבערפילט מיט העלער פרייד,
האָט בלאַט פון צווייג זיך שטיל געשיידט,
און זומענדיג אַ דאַנקבאַר ליעד,
געטאַנצט דעם טאַנץ פון טויט און פריד.

ס'האָט גרין און ווייס און רויט און געל,
און גאָלד און ברוין און אָראַנזש העל,
געטאַנצט מיט פאָמס, אָליוו און גרוי,
מיט ראָז, וויאָלעט און זילבער־בלוי —
דעם לעצטען טאַנץ — געמיטליך, שטיל,
ווי אויף אַ באַל דעם שלום־קאַדריל.

# 卐 卐 卐 卐 卐 卐 די זונה 卐 卐 卐 卐 卐 卐

דעם יאָהר זיינען די פעל־
דער אַרום טאַרנאָוו, וואו די
ווילדסטע שלאַכטען זיינען
פאָרגעקומען, בעוואַקסען גע־
וואָרען מיט דעם רייכסטען,
זאַפטיגסטען מאָן זינט יאָה־
רען. — פון די צייטונגען.

עס האָבען מיליאָנען מוזשיקעס בעגאָסען
די גרוי־שוואַרצע פעלדער פון טאַרנאָוו מיט בלוט,
ווי ס'וואָלטען פאָנטאַנען אָהן צאָהל זיך צופלאָסען,
זיך איינמאָל צופלאָסען און מעהר ניט גערוהט.

זיי האָבען רויטע בלוט גאַנצע שטראָמען געקליבען
ביים דניעפּער און וואָלגאַ און דאָרט, ביים אוראַל,
און זינלאָז פון זייערע היימען געטריבען,
אויף עסטרייך פערשוועגדעט דעם גליהענדען קוואַל.

און ס'יובלען מיט וואוילטאָג די טאַרנאָווער פעלדער,
די ווייט־פרעמדע ערד טריאומפירט און קוועלט אָן,
און פוצט אויס איהר בוזעם מיט פלאַמענדע וועלדער
פון פרעך־אויסגעלאַסענעם, העל־רויטען מאָן.

און העכער אַלץ שטייגען, און הייסער אַלץ גליהען
די פורפורנע וועלדער אין זון און אין ווינד.
און לאַכען פערפיהרעריש, בלענדען און ציהען
צום ווייטערען לעבען און ווייטערער זינד.

אַזוי טריאומפירט און בעשמירט איהרע ברוסטען
מיט רייצענדע זאַלבען פון שאַנדהויז דאָס ווייב,
צו מאַניען אָהן אויפהער און וועקען די לוסטען
צו איהר אויסגענוצטען, פעראומרייניגטען לייב.

# 卐 卐 卐 卐 איך ווייס, עס איז פערפאַלען 卐 卐 卐 卐

איך ווייס, עס איז פערפאַלען.

וועל זוכען, זוכען, זוכען,
זיך בייזערען און פלוכען,
און קיינמאָל ניט געפינען,
ניטאָ וואָס צו געפינען.

איך ווייס, עס איז פערפאַלען.

א שטענדיג נאָר פערוווירטער —
ווי עפּעס א פערפיהרטער,
מיין אָרט — די אספאַלט־גאַסען,
מיין ג ר ו ב — די אַספּאַלט־גאַסען.

איך ווייס עס איז פערפאַלען.

קיין הילף, קיין תפילה בעטען,
קיין גנאָד און קיין שום רעטען,
קיין אָרט, וואוהין צו פליהען.
האָב איך דען קראפט צו פליהען?

איך וויים, עס איז פערפאלען.

קיין גאָט, זיך אָנצושפארען,
קיין טרייסט אויף איהר צו הארען.
א מדבר אָהן אַזים,
(אָ, נאריש וואָרט אָאזים!)

איך וויים, עס איז פערפאלען.

און ווי אויף אספאלט־גאסען
ס'געהט אוים א הונד געלאסען,
שטארבט הינטיש־טעמפ־געלאסען,
(פון גאָר זיין ברומען, וואָרטשען,
פון דרעהען זיך און קאָרטשען
ווערט שטילע, טעמפע שטילקייט)
וועט זיכער אויך אַזוינער
דער סוף זיין ענדליך מיינער...

איך וויים, עס איז פערפאלען.

## 卐 卐 卐 卐 איך האָב מיר אַ חלום 卐 卐 卐 卐

(פרעמד־ווערטער עטיוד)

איך האָב מיר אַ חלום אַליין סוגעסטירט,
אַ חלום עקסצענטריש־קוריאָזען.
דער טרוים פאַסצינירט און דער טרוים אינטריגירט —
עקזאָטישער טרוים פון מימאָזען.

פון יענעם טאָג אָן הענגט אַ מאָדנער וואַל
אויף אַלץ, וואס שלאָגט אָן מיין רעטינע.
קיין זאַך איז באַנאַל, און קיין זאַך איז רעאַל,
נאָר אַלץ איז ווייט־ווייט פון רוטינע.

איך לעב אין אַ וועלט־רייך פון בלויז אילוזיאָן,
פון אייביג־עקזאָטיש־קוריאָזען.
און ס'ברענגט אַ וויזיאָן מיר, אַלץ נ י י ע **וויזיאָן**
מיין וואונדערבאַר רייך פון מימאָזען.

# 卐 卐 卐 卐 卐 אונפערשטענדליך 卐 卐 卐 卐 卐

אונפערשטענדליך, אונפערשטענדליך איז עס מיר,
כאָטש ס'איז איינפאַך, פונקט ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער.

שלאָגען וועט אמאָל א זייגער, זיין — מיין שעה,
איך — אָט ערשט געוועזן און בין שוין מעהר ניטאָ.

מענשען וועלען לעבען, הייסען חכם, נאַר,
מענשען וועלען איילען, לויפען וועט די קאַר.

קיין זאך וועט זיין אנדערש, אַלץ אזוי ווי פריהר.
אונפערשטענדליך, אונפערשטענדליך איז עס מיר!

## 卐 卐 卐 卐 卐 卐 זיי קלוג 卐 卐 卐 卐 卐 卐

זאָג, וואָס ווילסטו, אומרוה מיין?
— ס'טעלערעל פון הימעל.
זאָג, וואָס זוכסטו, אומרוה מיין?
— ס'טעלערעל פון הימעל.

קענסט ניט קריגען, אומרוה מיין,
קענסט ניט האָבען, אומרוה מיין,
ס'טעלערעל פון הימעל.

הער זיך צו, אָ, אומרוה מיין,
הער זיך צו און פאָלג מיך.
ס'האָבען לייט גאָר אַלטע, אַלטע,
ס'האָבען לייט גאָר קלוגע, קלוגע,
אָט אזוי געהייסען.

קען מען ניט דערגרייכען
קען מען ניט דערגרייכען,
וואָס מען וויל,
זאָל מען נידריג שלייכען,
אויף דער ערד זיך שלייכען,
און זיין שטיל...

זיי אויך ד ו קלוג, אומרוה מיין.

## יהודה הלוי

1

ניין, ניין! ער קען עס לענגער נים פערטראָגען,
ער וויל ניט וויינען בלויז און תפילה זאָגען,

ער וויל ניט ווינשען, בענקען בלויז, און גארען,
אָהן אויפהער בעטען, און אָהן ענדע הארען.

ער וויל איהם זעהן! זיין טרוים וויל זעהן דער דיכטער,
זעהן מיט די אויגען, אויף דער וואך און ניכטער,

זיין ציון, ס'לאנד פון העלדען און פראָפעטען,
וואו ס'האָט רבי עקיבא שטאָלץ געטרעטען;

און זעהן די הויפט־שטאָדט, וועלכע האָט געזעהען
זיין פאָלק מיט גבורה געגען שונאים שטעהען.

אהין מוז ער! ס'מוז זעהן זיין טרוים דעם בעסטען
דער מזרח־טרוימער, וואָס פערגראָהט אין וועסטען,

אהין מוז ער! דען ס'שטעהען ניט די יאָהרען
ער איז א זקן, לאנג שוין שוואך געוואָרען.



2

און ס'קלייבט אין וועג זיך דער פּאָעט.
ער קוקט זיך אויף קיין זאַך ניט אום,
פאַרלאָזט דאָס לאַנד, וואָס האָט געגלעט
איהם מיט דער זיידנער האַנד פון רוהם.

פאַרלאָזט די היים, פאַרלאָזט די פריינד,
וואָס האָבען איהם אָהן מאָס געליבט,
וואָס האָבען איהם מיט טרייסט געשיינט,
ווען ס'איז זיין האַרץ געווען בעטריבט.

פאַרלאָזט זיין קינד, די איינציג קוויט,
וואָס ס'האָט זיין גאָרטען איהם געבראַכט,
זיין ליבעס־גאָרטען, איצט — פאַרשנייט,
אמאָל אָבער געבליהט מיט פּראַכט.

ס'פאַרלאָזט אַלצדינג דער אַלטער באַרד,
הערט זיך צו וואָרנונגס שטים ניט צו,
אַנטלויפט ענטשלאָסען, איינגעשפּאַרט,
פון היים און לאַנד, פון פריינד און רוה.



און לאָזט זיך וואנדערען מיט מוט
דורך לענדער, ים'ען אומבעקאנט,
פעריוגגט פון איין פערלאנג און גלות:
צו ציון, ציון איינציג לאנד.

3

אויף דעם טונקלען, אויף דעם טיפען
ענדלאָז־ברייטען מעער,
זעהט א שיף זיך שיפען, שיפען,
וויגען זיך אהין־אהער.

צו דעם לאנד פון פורפור־מאָרגען
געהט זי דורך דער נאכט.
אליץ איז שטיל, אין שלאָף פערבאָרגען,
איינער אויף דער שיף נאָר וואכט.

איבער דעם פאָרענטש געבויגען
שטעהט יהודה אויף דעם דעק,
איינגעגראבען זיינע אויגען
אין דער ווייטקייט ווייט אוועק.



ניט די מורא צוגענומען
האָט ביי איהם די רוה און שלאָף,
אלע שרעקען מוזען שטומען,
יעדע אנגסט הערט איצטער אויף.

פול מיט שמחה איז זיין זעלע,
פול מיט פרייד זיין יעדעס גליד.
אין איהם דאכט זיך: עפּעס העלע
טענער הערט ער פון א ליד:

דאָס נעהמט אין זיין הארץ זיך פלעכטען
א געזאנג פון לויב און דאנק
צום בעשעפער, דעם גערעכטען,
וואס ערפילט איצט זיין פערלאנג.

ענדליך דאָך ווערט וואָהר זיין שטרעבען,
און זיין טרוים אַן אמת ווערט,
באלד, אָט באלד וועט ער דערלעבען
זעהן די איינציג־ליבע ערד.

ענדליך, ענדליך... הארץ, הער זינגען,
הער דאָך זינגען, טאנצען אויף,
דען די ברוסט, זי וועט צושפּרינגען
פון דער פרייד אָהן ברעג, אָהן סוף.

ניט געוואָלט האָט עס אויפהערען!
ווען די זון האָט אויפגעגליהט
האָט בעלויכטען זי דריי מעערען:
הימעל, ים און איינס אין מיט.

* * *

אָ, יהודה, טרוימער, דיכטער!
ווילסט דאָס אונמעגליכע גאָר?
ווילסט א לעבען, דערנעהרט אויף טרוימען
ברענגען אויג אויף אויג מיט וואָהר?

הערסט די שטים ניט, וועלכע וואָרענט
זינט דער מענש טרוימט אויף דער ערד:
פאר דעם טרוימער — בלויז זיין חלום,
דאָס — און גאָר ניט מעהר בעשערט?

זעהסט די האַנד ניט פון דעם מזל,
וועלכע שרייבט דאָרט אין דער ווייט:
קיינער זאָל ניט וואגען מאכען
פון א טרוים א ווירקליכקייט?...

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

## 4

פון לענדער צו לענדער,
דורך טייכען און ים'ען, —
יהודה הלוי
פאָהרט לאנג און פאָהרט פיעל.

דער שיקזאל, ער שליידערט
פיעל שטיינער אין וועג איהם,
און שטערט איהם, און לאָזט איהם
ניט גרייכען זיין ציעל.

ער קען ניט גלייך קומען
אהין, וואו עס ציהט איהם,
אויף אומוועגען קרומע
רייזט ער אָהן אן ענד.

ער קומט קיין מצרים,
וואו ס'האָבען די אָבות
ליים פרעה'ן געקנאָטען
מיט זייערע הענד.

ער קומט קיין דמשק
אינ'ם טאָל פון דעם פרת־טייך,



וואו ס'האָט אויפגעלויכטען
דעם פאָלקס מאָרגענ־שטראהל.

און אומעטום זענען
פיעל ברידער פאראנגען,
פיעל כבוד און ליבשאפט
קריגט ער איבעראל.

נאָר ערגיץ פערבלייבט ער
און ערגיץ פערווײלט ער —
יהודה הלוי
איילט זיך נאָכאנאנד.

אָ, גיכער שוין, גיכער,
אָ, לאָזט איהם שוין גרייכען
דאָס ליבע, דאָס טיירע.
דאָס איינציגע לאנד.

5

פון דעם מערב קומט צו בלאָזען
שטיל א ווינטעל — הערט זיך קאָם, —
טיפער, טיפער נעמט זיך לאָזען
אלץ די זון צום גרויסען ים.



פון דעם ירדן'ס וועל, וואס שטורמען
הערט ניט אויף, ביז מערב־צו,
פון דעם חרמון'ס שנעען־טורמען
ביז די שעיר בערג — איז רוה...

אויבען הענגט דער קלאָהרער הימעל,
שטרעקט זיך בלאָה און ווייט און ברייט
און עס דאכט זיך: אין א דרימעל
פאלט ער גלייך דאָ מידערהייד

מיט אמאָל צינדט זיך אין וועסטען
עפעס ווי א צונטער אָן,
נעהמט זיך חוצפה'דיג פערמעסטען
מיט דעם הימעל'ס בלאָהען פאָהן.

פינזעלט אויבען אוים פיגורען,
לויטער פייער, לויטער פלאַם,
קליידט דעם הימעל אין פורפורען
פון דעם ירדן ביז דעם ים...

זון געהט אונטער... ס'נעהמט ארומעט
זיך דער טאָג מיט שטילער נאכט...



ווער ליגט דאָרט פערהילט אין אומעט,
צו דער ערד געבויגט, פערשמאַכט?

ווער וויל וויינען ניט אויפהערען
ווײנט אָהן אויפהער מיין און מיין,
ווער בענעצט מיט הייסע טרעהרען
יעדעס זעמדעל, יעדען שטיין?

ס׳איז הלוי, ס׳איז דער זקן,
וועלכער איז פון פרעמדער ווייט
דאָ געקומען אונערשראָקען
זעהן זיין לאַנד... אין אבענד צייט.

6

ניט פון שמחה טרעהרען גיסט ער,
ס׳איז זיין גרויסע פרייד צושטערט,
ווי ער קוקט אויף דער פערוויסטער
זאַמדיגער, פערלאָזטער ערד!

הייליג לאַנד! אָ, ווער פערשעמען
האָט אזוי געקענט דיך שווער?...

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

און זיין הארץ נעהמט קלעמען, קלעמען,
און א טרעהר פליסט נאך א טרעהר...

טוליען צו דער ערד זיך טוט ער,
ווי צו מאמעס ברוסט און שויס,
און ווי צו א טרייער מוטער,
פליסט זיין תפילה היים ארויס:

ציון, ציון! ווערסט ניט פרעגען
אויף די קינדער דען ביי מיר,
וואס אויף אלע, אלע וועגען
זוכען נאר דעם וועג צו דיר?

ווערסט ניט פרעגען, ווי די קינדער
לעבען אין א ים פון צער?...

— — — — — — — — — —

א, יהודה! אויף געשווינדער,
זעהסט ניט, הערסט ניט דיין געפאהר?

7

בעוואפענט פון פוס ביז דעם קאפ,
ניט קוקענדיג קיינמאל אראפ,

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

געריטען אין ווילדען גאַלאָפּ,
אין דאָרט אַן אַראַב ווי אַ וויכער.

עס רייסט זיך דאָס היציגע פערד
פון גאָלדענעם געשפּאַן, קוים מען הערט,
ווי ס'ריהרט מיט די פיס אָן די ערד,
עס לויפט און עס יאָגט זיך אַלץ גיכער.

ווי קען עס גאָר ליגען אין זין
אַ הפקר'ען ברען-בעדואין,
אַ קינד פון די ווילדערניש-זיהן,
צו קוקען אַראָפּ אין זיין רייטען?

ער זעהט ניט דעם אַלטען פּאָעט,
וואָס שיקט צו זיין לאַנד אַ געבעט,
פאַר זיך און זיין פאָלק ווי אַ פּראָפעט
פון לאַנג שוין פערגאַנגענע צייטען.

ער שרייט צו זיין פערד ניט אויס: „האַלט!"
ער זעהט ניט די אומעט-געשטאַלט,
וואָס נידריג צום באָדען דאָרט פאַלט,
און יאָמערט צו אימיצען ביטער.

אַ ציה ביי דעם צאָם גיט ער בלינד...
ווי אַ פליגעל פון האַסטיגסטען ווינד

卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐 卐

אריבער דעם גוף שפרייזט געשווינד,
און טויטעט יהודה'ן דער ריטער.

8

מיט א חשך טעמפען שטומען
האָט זיך ס'הייליג לאַנד פערהילט,
ווען יהודה'ס צונג און גומען
האָט דעם מזל'ס האַנד פערשטילט.

שטיל. נאָר ווי א ווייטער בת־קול
האָט געטראָגען זיך פון ווייט:
קיינער זאָל ניט וואָגען מאַכען
פון א טרוים אווירקליכקייט.

## אינהאַלטס־פערצייכניס

